

:: משה בּראָדערזאָן ::

# שניי=טאַנץ

„שניי-טאנץ" — גראטעסק-פארשטעלונג

:: פון משה בראָדערזאן ::

צייכענונג אויף'ן שער בלאט פון דעם מחבר.



פארלאג „יונג-אידיש", לאדזש

:: תרפ"א — 1921 ::

# שניי-טאַנץ.

דער בלויער פאָעט — גראָם-גראַם — עלעגאַנט און טרויעריק ביז גאָר.

די שניי-מלכּה — אַן אַנטפּלעקונג וואָס ווערט געזען נאָר אין חלום, אָדער שכּור'ערהייט...

אַ פּראָסט-שד'ל — אַזאַ מין באַשעפעניש, אַ כּל בּו, וואָס ווערט פון אונדז געדולדיקט.

דער כאָר פון דער ווייסער שטילקייט. | פאַר קיין פאַל — ניט
דער כאָר פון'ם ערשטן שניי. | קיין אבסטראַקציעס.

און עמיצער — וואָס זאָגט אָפּ זיין פּזמון שוין אחר המעשה.

האַלבע נאַכט. אַ פּלאַנקען פון אַ שטאָטישן גאָרטן. אויף יענער זייט — בוימער. אויף דער זייט — אַן אָנגעצונדענער לאַמטערן, וואָס גיסט אַ העל גרינע ליכט אויפ'ן טראָטואַר, און אויף אַרום און אַרום.

די לעצטע שאָטנס פון די שפּעטסטע דורכגייער זענען שוין פאַרשוואונדן.

פון ערגיץ שלאָגט אָפּ צוועלף — דער שטאָט-זייגער.

און די שנייעלעך פּלאַטערן אום, ווי לעבעדיקע שמעטער-לינגען אַרום דעם רואיק לויכטנדיקן לאַמטערן.

די נאַכט גיט אַ טיפן זיפץ — די נאַכט גופא, צי עמיץ אין דער נאַכט.

און פון אונטער'ן שניי, וואָס ליגט שוין גראָב אָנגעשאָטן, שפּרינגט ארויס דאָס שוואַרץ-ווייסע פּראָסט-שד'ל; שפּרינגט אַפויר, אויף איין פוס היפּנדיק, מאַכט דריי מאָל אַן עיגול אַרום דעם לאַמטערן; רייבט זיך די הענט; בלאָזט אין די הענט, און זינגט:

ooo

## דאָס פראָסט-שד׳ל.

אוי, אוי, ווי ס׳איז קאַלט!
שוים זשע בין איך אַזוי אַלט?
שוים זשע בין איך טאַקי שלעכט?
איך, דער קלענסטער גיהנים-קנעכט? —
וואָס האָב איך פאַרזינדיקט, וואָס,
ווען מען כבוד דען פאַרשוועכט,
וואָס אין קאַלטע, אַלטע נעכט
פירט מיך יעדער פאַר׳ן נאָז?
טרייבט מען מיך אַרויס אויף דר׳ערד -
אויפ׳ן טויטן ווייכן גראָז!
כ׳ווייס ניט וואו איז עס געהערט,
וואו, ביי וועלכן בעל-הבית?..
וואו איז נאָך אַזוינס געשען?
וואו איז נאָך אַזוינס צו זען?

וואו, אין וואַסער ווינקל-וועלט
זאָל מען טרייבן אַזאַ קעלט?..
ווען צוריק, צוריק איך קען,
אין דעם פלאַקער, אין דעם ברען —
וואָלט איך אמת אָנגעקוועלט,
וואָלט איך מער זיך ניט פאַרשטעלט,
וואָלט איך גלאַט מיך אָפגעגאָלט!
וואָלט איך האָלט געקריגן אַלץ,
און געפּרעגלט מענטשן-שמאַלץ!
גיהנום-פייער איז דאָך גאָלד —
ווערט דאָס גאַנצע ביסל געלט!

קעלט — דאָס מאַכט מיך קראַנק און אַלט...
וואו באַהאַלט מען זיך, אוי, גוואַלד!

(קוקט זיך אַרום. שטעקט אַרויס אַ פּלעמל=צונג צו דער לאָמ=
טערן, און לייגט זיך אונטער דער באַנק, וואָס שטייט האַרט נעבן
פּלאַנקען.

די לאָמטערן שימערירט.

און ווען עס ווערט ווייטער שטיל, צעגיסט זי זיך נאָך מער
אין איר ליכטיקקייט; און אַ צעפרידענע גוטסקייט צעשטראַלט
זיך פון איר.

דער שניי פּאַלט מיט גרויסע שטיקער — געדיכטער, און זינגט):

## דער שניי-כאָר.

ווייסע שטערן... ווייסע, ווייסע שטערן,
פאַלן מיר פון הויכעניש אַראָפּ...
וועמען וועט די רגע אונדזערע געהערן
וועמענס וועגן איז די ווייסע גאָב?
ווייסע, שטילע. ווייסע שמעטערלינגען —
דרינגען מיר די גרויע הויך אַדורך.
און מיר זינגען... וועמענס וועגן זינגען
מיר די שירה אונדזערע מיט יעדן שורך?

## דער שטילקייט-כאָר.

אינדזערט'וועגן! אונדז, דער שטילקייטס וועגן
פאַלט דער הייליקער, דער שטילער שניי,
פאַלט ער. אויף די קרומע און די גלייכע וועגן,
פאַלט ער אויף געמיטן אַלערליי!
ווי אַ רעגן, וואָס באַ'חיות'ט תבואה=זוימען,
פאַלט דער שניי אין חלום — פאַלט דער שניי;
און באַפרוכפּערט מיט אַ פרייד די וועלט פון טרוימען,
און באַפרוכפּערט איצט מיט פרייד דעם ווי!

## דער שניי-כאָר.

ווי=געשריגן — זענען מיר דען ניט די קערן.
פון דעם שטערנדיקן ווייסן גליק אַליין?

## דער שטילקייט-כאָר.

זענט איר, שנייעלעך, פון גאָט די זילבער-טרערן,
וואָס זיי ווען נאָך דער לאַנגער נאַכט צעגיין!

(אין אַ בלויעם טריקאָ, און אין אַ בלויעם פלאַטערדיקן פליגל־מאַנטל דערשיינט דער פּאָעט.

לאַנגע צעשויבערטע האָר, וואָס פאַלן אים אַראָפּ איבער די פלייצעס. ט־אָגן טראָגט ער אַ בלויעם הויכן צילינדער אויפ׳ן קאָפּ.

ר׳איז שכור — פון שענק אַרויס. און וואַקלט זיך אויף די פיס)

## דער בלויער פּאָעט.

מאָן דיעי.

אָ, ס׳אַראַ וואונדערבאַרער, בלאַנקער שניי!

ס׳האָט עמיצער געזאָגט — ער וועט צעגיין!
ווי זאָל איך עס פאַרשטיין?
אוי, ניין! און נאָך אַמאָל, און טויזנט מאָל, אוי, ניין!
איך וועל דאָך דעמאָלט שטאַרבן פאַר געוויין!

און זי, מיין דולצינייעלע, מיין קליין —
זי וועט פאַרשילטן מיינע פיינע טעג,
זי וועט פאַרשילטן מיין געביין —
און גיין אַוועק!

אוי מיין שנייעלע!
מיין דולצינייעלע
מיין, צאַרט קמיעה׳לע!
מיין רעכטע פּאָה׳לע!
מיין שנייען־פייע׳לע!
איך בין מיט דיר,
און דו — מיט מיר!
מיר זענען אין גן־עדן!
מיר ריידן דאָך פאַרשיידן!
אַז אָך־און־וויי צו ביידן!

פאַרדאָן! דאָס האַרץ צערײַסט זיך מיר אויף שטיקער:
געשטאָרבן איז מײַן שטערן, מײַן באַגליקער,
און איך — איך זינג!
איך פּלאָנטער זיך אין טרויער־רינג,
ווי גאָרנישט וואָלט געשען!
ווי כ׳וואָלט מײַן תּמיד אָטעמדיקן אומגליק ניט געזען!
כ׳בין ניכּר—
שיכּור!

דער עיקר— זאָגט די חכמה פֿון דער דיכטונג—איז דער ברען.
ווי אַנדערש דען?

כע־כע, דער עיקר איז דער ווײַסער גולם! אָ, גאָט, באַהיט אים
פֿון אַלע שטרויכלונגען פֿון זוכן:
ווי ווערט ער דען געפֿינען אים — דעם קאָסמאָס־ריטם?
באַהיט אים און באַשיץ איבּ, גאָט, כּון בלינדן פֿלוכן,
און זײַ כזעליק באַשענק דעם גולם׳ל, מיט אַלץ!
און מיט אַ ווײַב,
וואָס כּשר זאָלץ זאָל זײַן איר לײַב!
פֿון אָדלער׳ס היט אים אָפּ! און שיק אים ראָבן,
ער זאָל זײַ נאָענט לעם זיך, די פֿויגל, קענען האָבן
כּדי צו שיטן זאַלץ
ער זאָל זײַ קענען אויף די עקן...

זײַ זאָלן אים די חרפּה שוואַרץ פֿאַרדעקן,
און זינגען זייער שוואַרצן פּשוט׳ן געזאַנג...

ס׳איז דאָ אַ באַנק —
ווי גוט! ווי גוט!
ווי לאַנג איך זוך עס.

ווי וואויל עס איז, צו אַלדי רוחות,
ווען נאָר אַ שמייכעלע דער צופֿאַל טוט,
און דו פֿאַרגעסט זיך גאָר, אַז דו ביזט קראַנק,

און אַ מתּנה, אַ געשאַנק
שטעלט אונטער גאָט, צי גאָר דער טייוול דיר אַ באַנק!

ס'בלייבט דיר נאָר צו דאַנקען פאַר דעם גאָב
הכנעה'דיק, און מאַכן רעווערענסן מיט'ן קאָפּ.

און נאָך דעם רויכערדיק'ן, שמיקענדיקן שענק,
אין עושר, און אין כּבֿוד דאָ צו זיצן
אי שאָטן פון די ביימער מיט די שניייען־שפּיצן
צו זיצן אין געהאַקטע קרענק...

ס'האָט באַגאָסן מיך אַצינד אַ הייסער שווייס,
ווי הייס מיר איז!
ווי ביטער, און ווי זיס!
ווי שיין מיר זעט אַלץ אויס,
ווי שפּל, און ווי גרויס!
ווי וואונדערבאַר, און גלייכצייטיק — ווי מיאוס!
ווי הייס מיר איז! ווי הייס!
און כ'ווייס איצט גאָרניט, וואָס איך ווייס!

מיין קערפּער פלאַמט — דער אייביקער קאַפּריז!
מיין קערפּער וואַרט אויף נסים: אפשר... טאָמער... באַלד..
מיין קערפּער איז אַ פינצטער שטייג, וואָס טיף באַהאַלט
כאַ־כאַ, אַן אָפּגעט'חלש'ט, און פאַרגליווערט וועלט:
ס'דרייט אין דרייען זיך פאַר אויסגאַנגלאָזע קעלט
אַ שטיק נשמה גאָטס, וואָס ס'איז איר קאַלט,
וואָס לעבט, און ווירקט אין אייביקן פאַרפלוכטן פיבער!

זי זאָגט—און קהלת זאָגט—אַז אַלץ גייט איבער...

זאָל זיין! זאָל זיין אַזוי! ס'וועט אַדורכגיין גלאַט אים —
דעם פאַטום!

און ווייטער — ווייטער!
אַ קוק מיט אַייטער...
רבונו דעלמא כּולא,

און איר, חכמים אַלע! אַלע דולע!
וואָס איז די פּעולה, וואָס? וואָס ווייטער, וואָס!

ס'איז שטיל... מען ענטפערט ניט... ס'איז שטיל, און שאַ!

איך האָב געזונגען היינט אַ ליד
מיט פול געמיט
און מיט אַן אָנהויב מיט אַזאַ:

„ס'איז די נשמה אומגעגאַנגען מיט אַ גרויסן נאָז
„אין אַ צעריסן אָפּבליאַקירטן העמד,
„פאַרקלעמט,
„פון אַלעמען, פון אַלעמען פאַרשעמט"...

און זי, מיין בעאַטריטשע האָט אַ קוויטש געטאָן
און זיך צעלאַכט,
אַז ס'האָבן הימלען אַלע איבער מיר געקראַכט!
אַ דאַנק דיר — זאָגט זי — וואָס דו האָסט אַזוינס
צו מיר געבראַכט,
לכּבוד מיר געמאַכט — —

און איך — איך האָב געמיינט, עס ווערן אָדערן
אין מיר צעפּלאַצט.
און כ'האָב בתמימות נאָר פאַר זיך אַליין געטראַכט:
אָט דאָס, אָט דאָס איז, הייסט עס, זיין געהעריק
אָפּגעשאַצט!

אַ חזיר האָט געוואָלט זיין מוט און איידלקייט זיך שטאַרקן,
און האָט זיך אָן אַ פּאַרקן
זיין גייסטיק וועזנטליכן וועזן אויסגעקראַצט,
און מילד און מאַיעסטעטיש איז געוואָרען זיין
גע-שטאַ-אַלט.

(ער זעצט זיך מיט דער גאַנצער שווערקייט פון אַ שפּור'ן אויפ'ן באַשנייטן באַנק, און טרעט אָן, ניט באַמערקנדיק, אויפ'ן ווידל פון'ם שוואַרץ-ווייסן פראָסט-שד'ל.

דאָס פראָסט־שד׳ל שפּרינגט אויף פון דר׳ערד, ווי אַן אונטער־געשאָסענער. די רויטע אויגלעך אָנגעצונדן).

## דאָס פראָסט־שד׳ל.

גע-וואַ-אַלד!

## דער בלויער פּאָעט.

אַנטשולדיקט מיר, כ׳האָב ניט געוואוסט
ניט אויסגערעדט זאָל זיין עס אין אַ בייזער שעה,
אַז אימעצער, חוץ מיר, איז דאָ נאָך דאָ —

## דאָס פראָסט־שד׳ל.

וואָס הייסט — ניטאָ... אודאי — דאָ!..

איר וואָלט כאָטש ניט גערעדט,
אָ, הער פּאָעט,
און בעסער וואָלט איר שווייגן,
און בעסער אייער באָבען איבערצייגן,
אַז איר האָט ניט געוואוסט!

איר וואָלט געטאָן כאָטש, טאַטע פאָטער,
אַ קליינעם וועלטלעכן, רעספּעקטן הוסט,
און פּטור — —

איך ווייס דאָך, אַז איר ליידט פון קאַטער:
ער פייניקט אייך און יאָגט אייך נאָך כסדר,
אפילו דאַן, ווען איר געפינט זיך אין די הויכעניש׳ן פון׳ם חדר,

אין אייער בוידימדיקן צימער,
ווען ס׳טראָגט זיך איבער אייך דער שאַפונג־שימער —
דער זילבערנער, דער מאַטער!
און איר דערגרייכט אין די דמיונות צום עקוואַטאָר —

## דער בלויער פּאַעט.

כ׳האָב ניט געוואוסט, אַז עמיצער, חוץ מיר קאָן דאָ נאָך זיין!

זייט מוחל, ליבער פריינט —

## דאָס פּראָסט־שד'ל.

מיר שיינט, אַז איר האָט י אָ געוואוסט. מיר שיינט...
מיר שיינט — איר האָט עס גוט געזען... ניט שפּאַרט זיך
אײַן!
איר האָט זיך נאָר געמאַכט ניט וויסן.
און גלויבט מיר — ס'וועט אײַך בלייבן, ווי אַ פלעק אויף
דעם געוויסן,
אַן אויסגעבערענטער צייכן —
דאָס מײַן רגילות אײַערע צו טרעטן יענעם אויפ'ן עק...
ס'וועט בלייבן, ווי אַ שווארצער פלעק,
וואָס ט'קיינמאָל ניט פאַרבלייכן —

## דער בלויער פּאָעט.

אָ, קריגט פאַר מיר אַ טאָן אַ מערער ווייכן:
איך בין דאָך אומגליקל'ך אַזוי!

## דאָס פּראָסט־שד'ל.

כע־כע! מסתם — אַ פרוי...
דעריבער זענט איר אַזוי גרין און בלוי...
דעריבער זיצט אין אײַך אַ בלינדער פיבער —

## דער בלויער פּאָעט.

דעריבער — אָדער... אפשר... ניט דעריבער —
דערהויפּט:
עס האָט זיך מײַן נשמה לעצטנס ניט דערהויבן,
און איז אָהן טראָפּן גלויבן
אויף אַלע אומענדן צעשטויבט!
און ס'איז מיר קאַלט —

## דאָס פּראָסט־שד'ל.

האַ־אַ־לט..

מיר ווע'לן נאָך פון דעם אַ ביסל ריידן —
איך האָב נאָר מו'ס'ף זיין געוואָלט נאָר איין געדאַנק'ל... איינעם,
אַט טאַקי קעגן דעם, וואָס איר זענט ניט באַשיידן,
וואָס זיך אַליין נאָר זעט איר!.. ווייטער—קיינעם, קיינעם,
אַזוי ווי אויסגעשטאָרבן וואָלטן אַלע מיטמענטשן פון אייך,
ווי ס'וואָלט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך
פון אַלע שכנים —

## דער בלויער פּאָעט.

איר זענט ברוטאַל!..
איך קאָן אייך, יונגערמאַן, פון איבעראַל:
פון פּאַלאַץ און פון שטאַל!
און מיר פאַרדריסט שוין, כ'לעבן,
וואָס כ'האָב אויף אייך גאָר אַכט געגעבן;
און אייך — איר זאָלט מיר מוחל זיין — געבעטן,
איר זאָלט פון מיר דערנאָ:דעם שפּעטן,
פון אַלע לירישע פּאָעטן!

וואָס זענט איר דען, באמת, פאַר אַ יוצא מן הכלל,
וואָס איר דערלויבט זיך זיין אַזוי וואולגאַר?

איך קאָן אייך ניט... און כ'ווייס ניט ס'אַראַ פאַל
עס האָט אייך אָנגעשטופּט אַהער, און וועלכער נאַר?

## דאָז פראָסט־שד'ל.

איך בין — ווער איך בין,
און כ'דין — וועם איך דין.
בינעץ בין איך כריילעך —
כ'דין אַ גרויסן מלך!
איך בין שוואַרץ און שיין,
בינעץ בין איך מלא חן,
פריש געזונט און מונטער:
טאַנצן טאַנץ איך אונטער —

כ׳בין צום גליק ניט קיין פּאָעט!
בינען בין איך נאָר אַ שד,
נאָר אַ קליינער לצ׳ל —
כ׳הייס „לא יקום געץ׳ל״

## דער בלויער־פּאָעט.

וואָס טייטש — אליקים געצל?

## דאָס פּראָסט־שד׳ל.

ניט — אליקום געצל — נאָר לא יקום געץ׳ל!
ס׳איז אַ שפּיל פון ווערטער נאָר,
און די ווערטער זענען וואָר,
און דער טייטש פון זיי איז קלאָר —
פון פּגימות ריין, פון קרעץ,
און מאָראַליש, קלוג און ניצלעך,
אָהן אַ וואונק פון הינטערשפּיצלעך,
ס׳הייסט: „ניט אויפשטיין זאָל קיין געץ!״

## דער בלויער־פּאָעט.

אָ, ווי וואונדערבאַר! ווי רעכט!

## דאָס פּראָסט־שד׳ל.

זעט איר שוין — עס איז ניט שלעכט!
ניט געבלאָזט פון זיך — קיין ענדיק:
נאָר געלאָסן — נאָר פאַרשטענדיק,
אויסגעמיטן — האַס פון גאַס,
און פאַרשטאַנען אַלץ בלע״ז,
און פאַר כעס ניט ווערן בלאַס, —
וועט איר אויף מדרגות שטייגן
גאָר אויף הויכע!
ווערן זוכה
קלוג און איבערקלוג צו שווייגן —

און ווען ווערן ט'איר אַ מבין
אויך אויף זיך, אויף זיך אַליין,
וואַקסן וועט איר, ווי אויף הייוון,
און איר וועט דעם סוד פאַרשטיין
פון'ם טויטסטן, קאַלטסטן שטיין,
און דעם גולם'ס שטומן מיין!

## דער בלויער פּאָעט.

טרערן גיסן זיך מיר טרערן:
כ'קען ניט טראַכטן, כ'קען ניט קלערן..

און איך וויין..

## דאָס פראָסט-שד'ל.

זעט איר, וויינען — איז געמיין!
וואָס זשע פעלט אייך, לאָמיר הערן?

## דער בלויער פּאָעט.

ס'איז מיר אימה'דיק... ווי קאַלט...

## דאס פראסט-שד'ל.

בררר... ווי אַלט עס איז! ווי אַלט...
און ס'שעמט זיך ניט אויף דעם באַקלאָגן
איר, דער גלגול יונג — פון דאַנטע
ווערטער איבער'חזר'ן שוין אָפּגעוועלקטע לאַנג באַקאַנטע.
איר שעמט זיך ניט אַזוינס צו זאָגן —
ברענגען אויף די ליפּן,
אויפ'ן מויל
אַזאַ גרויל!
אויף אייער אָרט וואָלט איך די באַקן זיך געקניפּן—
די פאַרב זאָל שטיין!
נאָר זאָל איצט מיינע איבערגיין —
איך קאָן ניט הערן קיין געוויין!

עס איז פאַר מיר דער ערגסטער סם!
און זאָגט מיר, וואָס איך פעלט,
אַ שטייגער, אויף דער וועלט,
מעסיע גראַם־גראַם?..

## דער בלויער פּאָעט.

איך ווייס אַליין ניט — וואָס!
איך האָב געשריבן היינט אָט דאָס:
„ביי דער נשמה פרירט די נאָז״ —

## דאס פראסט־שד׳ל.

אויסגעצייכנט! וואויל! ס׳איז אמת׳ער טאַלענט!

## דער בלויער פּאָעט.

די הימלען צו דערגרייכן — זענען קורץ די הענט.

עס איז דער צער אַלטעגלעך.

פון הימל
אַראָפּצורייסן איצט אַ בלימל —
איז אוממעגלעך.

אויף שטעגלעך און אויף וועגלעך
קריכן ווערים:
פרעסן מענטשלעכע געדערים,
באַלעקן זיך, און קייען,

ווילט זיך וואָיען, ווילט זיך שרייען:
עד מתי, גאָט, עדין?

די האָריזאָנטן ווערן איינגעשרומפן ענג —
פאַרפאַלט מען אין דעם שענק,
אין סאַמע זומפ אַריין!
איז דאָרטן דאָ אַ קרענק —
ניט לידער און ניט ווייבער, און ניט וויין!

ס'איז לויטער נאָכגעמאַכט,
און צוגעטראַכט,
און אויסגעשפּאָט, און אויסגעלאַכט —
אַ וויסטער צייט־פאַרטרייב!

און ס'ברענט דער גוף, און ס'ברענט דאָס לייב,
און קאַלט איז דער נשמה, אוי, ווי קאַלט!
עס שאַלט אַ וויסטער ווינט,
און ס'פּראַלט די בלינדע זינד,
און אַלע ווערן זיי פאַרגרינט, פאַרגאַלט!

ווי קלוג דו זאָלסט ניט זיין, למשל, ווי סאָקראַטעס
דאָך העלפן ניט די אָפּגעניצטע שמאַטעס
פון פאַטאָס!

דו וואַרפסט זיך, ווי אַ שלייען,
ווילסט שרייען —
דו ווילסט זיך פון דער נעץ פון עלנטקייט באַפרייען,
באַפרייען זיך פון גאַרניט־זאָגנדיקן וואָרט,
געפינען אַן עיר מקלט, סתם אַן אָרט,
אַ ווינקל אויסזוכן — אַ וואָרים שמיעטניק —

## דאָס פראָסט־שד'ל.

שטראָם־גראַז! מאַך מיר אַ ליעטניק!

## דער בלויער פּאָעט.

ווילסט אויסזוכן אַן אָנלען פאַר דעם מידן קאָפּ —

## דאָס פראָסט־שד'ל.

כאַ־כאַ און ס'גייט אייך מיט דער פּוטער אַלץ אַראָפּ!
ס'איז טאַקי וואָר: ס'איז אַלץ געוואָרן גראָב.

די גאָטהייט איז געוואָרן אויך פאַרגרעבט,
און אויסגעשעפּט...

עס קלעפּט זיך ניט אַ וואָרט אפילו צו אַ וואָרט,
אין דעם, וואָס הייסט אויף אייער לשון—עטיש,
און עסטעטיש,
און פּאָעטיש.

עס האָט דאָס וואָרט פון אייך דאָך קיינער ניט געשפּאָרט:
אויף יעדנס רוף אַ גרייטס —
פארלאָרן האָט'ס דעם רייץ!
אַן אַפּיקורס איז געוואָרן יעדער פּעטיש,
וואָס ווינקט קאָקעטיש צו זיין שאַנד:
צום נאַקעטן, און קליינלעכן פאַרשטאַנד!

## דער בלויער פּאָעט.

איך רעדט צום דרוקן פונקט — אַזוי פּראָפעטיש!

## דאס פּראָסט-שד'ל.

אַודאי, יאָ אַזוי! ווי אַנדערש דען?
וואָס בין איך דען אַ הילצערנער — אַ מאַנעקען,
ניט פאַר קיין מענטש געדאַכט,
וואָס האָט נאָר אויגן אויפגעמאַכט,
בכדי דאָס ליכטיקקייט ניט אָנצוזען?..

נאָר — גאָרניט! פּטור! אָפּגערעדט!
מיר וועלן לאָזן לויפן דעם פאַרלוירענעם גן עדן!
און עפּיס צו דער זאַך, צום עיקר, לאָמיר ריידן,
מיין הער פּאָעט,
איך האָב אַן עצה —

(שפּרינגט אונטער; און קלאַפּט דעם פּאָעט אין פּלייצע).
אָט, זעט, אין דער מינוט איז איינגעפאַלן מיר אַ רעיון,
ווי זיך, און אויך, ווי אייך פון וועלטן=קעלטן צו באַפרייען...
אָט, איצט, אין דער מינוט, ווי כ'קלאַפּ אייך אין דער פּלייצע—

איך וועל מיט זיך נאָר פּאַרטיק ווערן!
וואַרט אַ ווײַלע שטילערהייט,

און כ'וועל זיך תיכף לאָזן הערן —

## דער בלויער פּאָעט.

כ'בין גרייט!

(דאָס פראָסט־שד'ל פאַרטראַכט זיך. לייגט זיך אַריין קינ־דעריש אַ פינגער אין מויל, און דרייט מיט די רויטע אויגן).

## דער שניי־כאָר.

ווייסע שטערן. ווייסע, ווייסע שטערן —
פאַלן מיר פון הויכעניש אַראָפּ,

ווען וועט די רגע אונדזערע געהערן?
וועמענס־וועגן איז די ווייסע גאָב?
ווייסע שטערן — ווייסע שטערן פאַלן,
וועמען טראָגן זיי אַ טרייסטנדיקן גריס?
ווער אויף שטערן, ווערן וועט דער בעלן,
וואָס פאַרטרעטן וועלן זייער פיס?

## דער שטילקייט־כאָר.

זיס איז דאָס געבוירן ווערן פון די שנייען,
אין באַהעפטונג מיט דער שטילער בלויער נאַכט.
אַלע ווייען, אַלע זיפצן שטום פאַרגייען,
און עס וואַכט די שטילקייט, מיט'ן שניי געבראַכט!
ס'פאַלן פון די הימלען אוצרות, אוצרות גליקן —
לאָמיר בעטן, ס'זאָל ניט קרייען היינט קיין האָן,
ווען אין ווייסע שנייען קריגט די שטילקייט־תיקון,
און עס קומט די מלכה, אונדזער מלכה אָן —

## דער בלויער פּאָעט.

איך וואַרט שוין לאַנג אַזוי.. כ'בין אַלט געוואָרן...

## דאָס פראָסט־שד'ל.

וואַרט, וואַרט! ניט אַלדינג — מיט אַמאָל!

מען קומט ניט אַזוי גיך צום שׂכל, צו דעם קלאָר,
צום וואָרן גליק באַדאַרף מען ווערן גאָר אויפסנייַ געבאָרן!

נאָך דעם, ווי כ'האָב געטאָן שוין אַלץ באַקלערן,
און—אויך באַשווערן צו דעם ערנסט די מחשבות,
איז אויס — קאַטאָוועס!..
און זאָלן אייַנפאַלן זיך פּרוכפּערן און מערן,
און אונדז מיט זייער רייץ באַשערן!

הקיצור — א י ך וועל אָנהויבן פון דעם,
וואָס א י ר ו ע ט צ ו מ א כ ן די אויגן!

דער מאַנטל ווערן זאָל אַריבער קאָפּ פאַרצויגן!
און פינטלען טאָרט איר ניט אפילו מיט אַ ברעם—

## דער בלויער פּאָעט.

כ'האָב מורא! זאָגט, וואָס ווילט איר טאָן?

## דאָס פּראָסט-שד'ל.

כע, מורא-האָבן קליידט אייך ניט צו דעם פּאַסאָן!
זייט רואיק!.. ס'וועט אייך גאָרניט זייַן.
איך וועל אייך ברענגען אין אַ טרוים אַריין.
איך וועל אייך ברענגען איצט צופירן
אַ וואונדערבאַר, אַ טאַנצנדיק פּאַרשוין,
מיט וועלכן כ'וועל די יונגקייט אייך פּרובירן —
דאָס אַלץ, און — שוין —

## דער בלויער פּאָעט.

איך האָב גע'חלום'ט פון געשטאַלט פון אירן —

## דאָס פּראָסט-שד'ל.

און וועגן שכר דערפאַר, און וועגן לוין
מיר וועלן שפּעטער ריידן —

### דער בלויער פּאָעט.

אוי, קערט מיר פריער אום ס׳גן עדן,
וואָס איז פאַרלוירן שוין פון לאַנג,
וואָס צוגענומען האָט ביי אונדז די שלאַנג

### דאָס פראָסט-שד׳ל.

און אפשר — פון פּאָעטן אייערע ס׳געזאַנג...
און דאָס געיעג נאָך כבוד — אייער דאָרשט!
נאָר וואַרט אָקאָרשט —
און וואַרט — הערט אויף צו טענה׳ן —
זי וועט אין פראַכט אין אירן באַלד דערשיינען,
אין שיינקייט פון איר רואיקקייט אַנטפּלויזט,
ווי מאַרגעריטע הינטער שלייערן ביי דאָקטאָר פויסט;
זי וועט דערשיינען באַלד אין אירע טענץ,
אין ליליען=ווייסע שנייען=קרענץ,
אין שוים פון שנייען אויפגעברויזט,
אין טויזנט חנ׳ען, און מיליאָנען צירן —

### דער בלויער פּאָעט.

אין די געהירן אין די פּעטע, פּעטע
ביי פּאַפּאַ געטע
געוואוינט האָט שטאָלץ אַ גרינער פּאָפּוגיי —

### דאָס פראָסט-שד׳ל.

גענוג וועט זיין די שמועסן די שכורע צו פירן!
איר פירט אַראָפּ פון טאָן!
און איינס! און צוויי! און דריי —
כ׳הויב אָן —

(וואַרפט אים דעם פליגל=מאַנטל איבערן קאָפּ אַריבער. פּאַר=
טראַכט זיך. און זינגט שפּרינגענדיק).

אין דער נ אַ כ ט דער קאַלטער,
מיט דער נאַכט אַליין —

קומט צו מיר אַן אַלטער.
ווייל אין ערגיץ גיין.
האַלט ער אויגן אָפן.
האַלט ער אָפן ס׳מויל.
ווילט זיך גיין אים שלאָפן —
איז ער אָבער פויל...
פויל איז ער, און שכּור.
שכּור, ווי די שטאָט,
רייסט עס אים אויף שטיקער —
האָט ער ניט קיין גאָט.
לוט איז אים אַ פעטער.
גייט אַלץ כּאַדראַאַם —
וואָס וועט ווערן שפּעטער
מיט זיין שטעטל סדום?

## דער בּלויער כּאָעט.

וואָס איז עס בּיי אייך, מיין פריינט, סאטירע?
אַ מאָדנער פּרק שירה —

## דאָס פראָסט-שד׳ל.

לאָזט גיין! און שטערט ניט מ י ר
מיין שיר!

(היפּט און זינגט ווייטער)
כ׳בּין צו א י ם געקומען
פון מיין האַר געשיקט.
אים בּיי׳ם האַנט גענומען,
אים צו זיך געדריקט.
אָ, ווי שיין די וועגן
זענען פון מיין האַר!
כ׳האָב געזאָלט אים פרעגן,
איך, דער קליינער נאַר,
פון דעם ציל, וואָס האָט ער

מיך געשיקט אין קעלט
דאָ אהער, מיין פּאָטער,
פאַר אַ שר פאַרשטעלט?

איצט פאַרשטיי איך, טאַטע,
דיין רחמנות־ציל,
ס'בלאַנדזשען מידע, מאַטע
וויסט דאָ אין דער שטיל.
פיל איך, ווער איך איצטער
טאָן אַ טייוול־שפּרונג,
און אַ פלאַם־צעהיצטער
מאַכן יונג אים, יונג!..

(דאָס פראָסט־שד'ל שפּייט דריי מאָל אויס אויפ'ן שניי, און מאַכט מיט די הענט דריי מאָל אַ ראָד אין לופטן, און זאָגט ג' פּעמים אָפּ דעם דאַזיקן שפּרוך):

אידל — פידל — לידל — דודל —
רעדל — בעדל — שד'ל — דרודל —
איידל — ווידל — מיידל — דריידל —
מיט אַ קליידל, אָהן אַ קליידל —
פון דיין ווייסן מירמל־הויז,
שניי־בת מלכּה, גיי אַרויס!

(ווי פון הינטער אַ לייכטן בלויעם נעפּל דערשיינט די שניי־מלכּה. איינגאַנצן — אין שניי אָנגעטאָן: אין אַ מין ווייסע דורזיכט־קלייד פון בלישטשענדיקע שניי־פליטערן, אויפ'ן קאָפּ — אַ קרוין פון העלפאַנט־ביין, אויף וועלכער עס לויכטן גרויסע פראָסט־דימענטן.
איר קול איז, ווי דאָס געזום פון פראָסט. און ריידן רעדט זי שטיל. מיט אַ ציטער, האַלב זינגענדיק.
די באַוועגונגען — אַזעלכע לייכטע, און חלום'דיקע, ווי די שטערן־באַוועגונגען פון ערשטן שניי.
דינע, דינע שניי־גלעקלעך באַגלייטן איר יעדן ריר.

דאָס פראָסט=שד׳ל וואַרפט אַראָפּ דעם פליגל=מאַנטל פון דעם בלויעם פּאַעט, וועלכער גלייכט זיך אויס, ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע, און נעמט אַראָפּ דעם צילינדער פון קאָפּ, בלייבנדיק אַ פאַרגאַפטער שטיין מיט בלויע געגרויסטע אויגן.

## די שניי=מלכּה.

אָט דאָס זענט איר — דער זינגער פון דער וועלט, דער האַר גראָם=גראַם?

## דאָס פראָסט=שד׳ל.

אָט דאָס איז ער — די חורבה פון אַנאַקרעאָן!
פון דיכטער=וואַלד אַ דאַרער שפּאָן...
צי מערקט איר, ווי ער קוקט אייך אָן —
אָ, שניי=געבוירענע מאַדאַם?

## די שניי=מלכּה.

איך זע, אָ, האַר גראָם=גראַם! דאָס האָט איר מיך גערופן, איר, הימלדיקער דיכטער?..

## דאָס פראָסט=שד׳ל.

איר וועט אַנטשולדיקן... ער איז אַ טראָפּעלע ניט ניכטער...
דאָס הייסט: דערשטוינט פון אייך, און בגילופין...
כּמעט אָהן לשון —

## דער בלויער פּאַעט.

מיין שטערן איז געווען פון לאַנג פאַר מיר פאַרלאָשן!
פאַרלאָשן פון דעם הייסן בלוט פון מיינע וואונדן.
איר האָט אויפסניי דעם שטערן, אין די אויגן מיר געצונדן!
פאַרשוואונדן ווערט דער טרויער איצט אין מיר, און רונד אַרום!
וואו נעם איך איצט אַ בלום,
אַ פראָסט=בלום אייער׳ טוועגן?...

## דאָס פראָסט־שד׳ל.

צי איז דערלויבט, אַ שטייגער, מיר צו פרעגן:
צי זעט איר ווייטער קיינעם ניט, נאָר זיך אַליין?

## דער בלויער פאעט.

ניין! ניין!
אַ נס איז איצטער דאָך געשען!

## דאס פראסט־שד׳ל.

כע־כע... מיר וועלן זיך נאָך זען!

## דער בלויער פאעט.

אַ נס איז ווייטער אין מיין בלויער טרויער־וועלט געשען!
איך ווייס ניט... כ׳האָב פארגעסן, ווי און ווען...

און דאַן האָט די שטילקייט איצט צענויפגעפאָרט,
די ווייסקייט פון די ערשטע שנייען־נעכט...
די קדושה זייערע... ווי אויך דעם טייוולס וואָרט —

## דאס פראסט־שד׳ל.

גע־רעכט!

## דער בלויער פאעט.

ווער ווייסט, ווי לאַנג איך האָב אַייך אָפּגעוואַרט?
פיל פרילינגען, אין פרייד צעבליט,
איך האָב אַייך אָפּגעהיט?
פיל זומערס, וויפל הארבסטן זענען אָפּגעוועלקט און אָפּ־געדאַרט?
פיל האָפענונגען זענען אויסגעגאַנגען קאַלט פארשטאַרט?
פיל טעג און נעכט עס האָבן מיך גענאַרט?..

## די שניי־מלכה.

ווי צאַרט איר זענט, אָ, האר גראַם־גראַם, ווי צאַרט!?

פיל פרייד מיט רייד מיט אייערע פארשאפט איר מיר!

## דאָס פראָסט־שד׳ל.

אָ, לאָזט אים ניט צו ריידן אָהן אַ שיער!
געגליכן איז ער איצט צום מדבר־שטיין,
וואָס משה האָט געשפּאָלטן!

ער איז געווען פארשאָלטן
מיט יאָמער און געוויין,
און איצטער האָט אים זען אייך אָפּגעגאָלטן
טאָ גיט אים צו פארשטיין,
אז פון די רייד פון זיינע, פון די פייערדיקע גראַמען,
פון זיין התלהבות, וואָס זיי שטאַמען —
ועט איר, ווי אונטער זון צעגיין!..

## די שניי־מלכה.

עס זענען דאָ אַזעלכע זיסע, צוּיבּערדיקע סם׳ען
אין דיכטער־רייד —

## דער בלויער פּאעט.

און שטילערהייט, און שטילערהייט—
איר זענט צו מיר אין טרוימען־שפרות אָנגעקומען,
אַזוי ווי מחנות טויבן וואָלטן אין מיין הארצן איצטער ברומען,
אַזוי — מען וואָלט מיין צער מיט כשוף מיר אָראָפּגענומען!

און כ׳זע אייך איצט, ווי דורך אַ שלייער פון די דימענ־
טענע פראָסטן־בלומען!
און ס׳זומען, ס׳זומען שנייעלעך—פון גליק פארברענט...
בילקיס, בילקיס! ווי וואונדערבאר איר זענט!

(זינגט:)

אין אַ לאַנד, אין אַ לאַנד,
אין אַ לאַנד אומבאַקאַנט
האָט געלעבט די פרינצעסין בילקיס—

ביז געקומען איז ער
אויף דעם רוף פון איר טרער
ער, איר האַר פין חלומות — בילקיס׳ס — —
די מתנות און גאָלד
האָט דער האַר ניט געוואָלט,
נאָר איר פּערלדיק ווייסקייט בילקיס׳ס — —
אָט, דער מלך־פּאָעט
האָט געהאַט אַלץ צו זעט,
חוץ דער ווייסקייט, דער ווייסקייט בילקיס׳ס — —
האָט ער אייביק געדענקט,
האָט ער אייביק געבענקט
נאָך דער שנייאיקער ווייסקייט בילקיס׳ס — —
אין אַ לאַנד פון ניט־דאָ
האָט געלעבט מלכּת שבא,
אָ, די מלכּה פון שוואַנען, בילקיס — —

(בשעת ער זינגט דאָס ליד לאָזן זיך שפּילן די קוים הערבאַרע שנייען־גלעקלעך.
און די שניי־מלכּה הויבט אָן אין דעמזעלבן טאַקט זיך צו באַוועגן.
ביסלעכווייז ווערן די באַוועגונגען זיכערער, פעסטער, און זי צעשפּילט זיך אין אַ רעגלמעסיקן טאַנץ, צוזאַמען מיט׳ן שניי, וואָס שיט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.
בשעת׳ן טאַנץ פלאַטערט אַ שטילשווייגן.
דערנאָך — ווען זי, די שניי־מלכּה לאָזט זיך אַלץ מידער און מאַטער אַראָפּ צום שניי, מיט וועלכן זי באַהעפט זיך — בלייבן איבער ווייטער דער בלויער פּאָעט מיט׳ן פּראָסט־שד׳ל אַליין).

**דער בלויער פּאָעט.**

אַנטרונען — — —

**דאָס פּראָסט־שד׳ל.**

למשל, ווי אַ טרער אין ברונען!

אַזוי פֿאַרלוירן אייביק ווערט, וואָס ס'ווערט געפֿונען —

### דער בלויער פּאָעט.

עס איז מיר ווייטער קאַלט... און אָבער בין איך מיד..

ס'איז דאָ ביי מיר אַ ליד:

— „אין טרויער האָבן זיך דערטרונקען אַלע זונען,
וואָס ס'האָט געשפּינען גאָט!..“

### דאָס פראָסט־שד'ל.

אַ שאָד!

נו, איצטער לאָמיר גיין צוזאַמען,
און מיטנעמען די גראַמען!
ס'איז טאַקי קאַלט, און טאַקי זייער קאַלט געוואָרן —

### דער בלויער פּאָעט.

עס בלאָזט דער פראָסט אין לאַנגן זילבער־האָרן.
מיר דוכט זיך, ס'ווערט די וועלט אַ ווייסער מתים־אָרון.
די שניי־זעען זענען, ווי תכריכים נייע קלאָר.

### דאָס פראָסט־שד'ל.

ס'איז וואָר, און טאַקי טרויעריק ביז גאָר!
טאָ לאָמיר גיין אַהין —

### דער בלויער פּאָעט.

וואוהין?

### דאָס פראָסט־שד'ל.

אַהין — אַהיים צו מיר אין גיהנום,
וואו ווארעם איז, אַז אַ מחיה!
וואו ווארעמען איר וועט זיך די נשמה, און די גלידער —

און אפשר אויך די לידער —
און שאָפּן נייע —
פאַר זיך, און אויך פאַר יענעם...

און מיך דעם קליינינקן, דעם שוואַרצן,
דעם טרייעם פריינט
פון היינט,
וועט איר באַנעסטיקן אין האַרצן —

## דער בלויער פּאָעט.

אין גיהנום, קומט! אַז ניט בין איך דאָ סתּם פאַרלוירן:
כ׳וועל בלייבן אַ שטיק אייז פאַרפרוירן — —
און לאָמיר זאָגן אַן אַדיע דעם פרישן שניי.

## דאָס פראָסט־שד׳ל.

נו, מילא־מה... אַדיע!..

## דער בלויער פּאָעט.

אַדיעי! אַדיעי!

(זיי נעמען זיך אונטער די אָרעמס, און גייען אַוועק.
אַ קורצע ווײַלע איז שטיל.
עס הערט זיך ווידער אַ זיפץ פון דער ווייסער נאַכט.
אין ערגיץ ווייט, ווייט — אַ קלינגען פון אַ צעיאָגטן שליטל.
און קורץ דערנאָך פאַנגט ווייטער אָן צו זינגען די שטילקייט:)

## דער שניי־כאָר.

ווייסע שטערן... ווייסע, ווייסע שטערן —
פאַלן מיר פון הויכעניש אראָפּ!

וועמען וועט די רגע אומדזערע געהערן?
וועמענס־וועגן איז די ווייסע גאָב?

## דער שטילקייט־כאָר.

אונדזערטוועגן! אונדז, דער שטילקייטס־וועגן!
נאָר פאר זיך איז יעדער שיינקייט שיין!
ס׳גייט דער טרויער וויט אריבער אלע ברעגן —
וועט דער טרויער אָבער אויך, ווי שניי צעגיין!

— — — — — — — — —

פאָרהאנג פאלט. און באלד דערשיינט עמ צער דער גוטער
יאָר ווייסט אים — ווער, און דערציילט:

אָט דאָ האָט איר געזען דעם גורל פון א זינגער,
פון מוזן אלע, אין פון גאָט אליין געזאלבט —
און איצטער הענגט דער פאָרהאנג נאָר געפאלבט...
און עמיצער פארברעכט די שנייען־צארטע פינגער
אריבער אים, וואָס איז אין צער אוועקגעגאנגען
צום גיהנום נאָנט!..

צי וועט ער ווערן ווען דערמאָנט?
צי וועט ער ווערן אינ׳ם גיהנום אָנערקענט?
ווער ווייסט עס דען?
עס קען אמאָל אזוינס אויך דאָרט געשען!
אדורכגעפייניקט און אדורכגעברענט —
עס קען געשען אמאָל — ער וועט זיך דאָרט דערלייטערן,
און שוואכקייטן א סך פון זיך דערווייטערן!
ס׳קען זיין! — דערווייל, נאָר פארשוואונדן איז זיין שטים...
און ס׳איז מיר שווער צו זאָגן אינ׳ם עפילאָג,
צי וועט ער נאָך דערזען דעם נייעם טאָג,
צי וועט ער נאָך דעריאָגן אים?
איין זאך איז קלאָר,

אַז תּמיד און פֿון דור צו דור,
און ווי אַ חלום אויף דער וואָר —
ער פּלאָנטערט זיך מיט זיינע ווערטער זיס,
און מיט'ן אין זיך-ריידן,
צעווישן גיהנום און גן עדן —
אויף זיינע הויכע, דאַרע פיס!..

געוויס וועט ער אַמאָל אין ערגיץ קומען,
צו זון, און צו אַ גאָלדן=ראַנד,
געוויס וועט ברענגען אים זיין טרוים צום לאַנד,
וואו אין דער הייליקייט עס שטומען —
די אויסגערעכנטקייט, דער וואַכיקער פארשטאנד,
וואו אויך פארדעקט איז פאר'ן גייסט די שאנד!..

דערווייל האָט איר געזען דעם גורל פון דעם זינגער איצט,
דערוויטערט פונ'ם גליק, און פון געגעזונג=קוואל!
דערווייל האָט איר געזען אים אומבאשיצט
אין זיין התבודדות, אליין — — —

און כ'פיל—איר וועלט פארשטיין אויך די מאָראַל,
ווי אויך דעם מיין פארשטיין!

הכלל, ווי ס'זאָל ניט זיין ברוטאַל -
וועט עס געלינגען אייך דורך מיר דערגיין:
די שכינה פון פּאָעט,
דעם זינגערס שכינה
געפינט זיך אָדער אינ'ם הינהערפּלעט,
אָדער — — הינטער דער קורטינע!

■ ■ ■

# Sznej-Tanc.

ארויסגעגעבן פון דעם פאַרלאַג „יונג=אידיש“
לאָדזש. געזעצט, געדרוקט און סטערעאָטיפּירט אין
דער דרוקעריי פון מ. מיימאָן, לאָדזש, ציגל=גאַס 10.

Drukarnia M. Majmona, Łódź, Cegielniana 10.